# אינהאַלט



## תּפילות



## געלויטערטע שעהן



## אין פאָלקסטאָן



## לעבנספרייד

## עלנט



## שפּיל



## שטימונגען



## איבערזעצונגען

# אַ ר י י נ פ י ר

לירִיק, דער טיפסטער אויסדרוק פון סוביעקטיוון געפיל — צאַרט, ווי די פיינסטע סטרונע און עלטער פונעם עלטסטן סטרונע־אינסטרומענט, די לירע — וואָלט באַדאַרפט זיין דאָס אויס־שליסלעכע געביט פון פרויען. איז דאָך די רוימישע געטין קאַרמענטאַ געפייערט געוואָרן בלויז דורך פרויען, און איר נאָמען האָט געוויס אַ שייכות מיטן לאַטייניש „קאַרמען" — אַ ליריש געדיכט.

האָט אָבער דער גאָט פון פּאָעזיע אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, און די באַרימטסטע פּאָעטן־ליריקער זיינען דווקא מענער. דערפאַר אָבער איז כמעט יעדע פרוי אַ פּאָעטעסע סיי מיט איר פאַנטאַזיע, סיי מיט איר לירישן געפיל. אויב זי דריקט עס אַפילו נישט אויס אויף פּאַפּיר, וויברירט זי מיט דעם אין יעדער צאַרטערער פאַזע פון איר טאָג־טעגלעכן לעבן.

שרה קינדמאַן איז געקומען צום אויסדרוק אויףביידע אופנים. זי איז שוין געווען די „פעלד־פּאָעטעסע", ווען זי האָט נאָך געזונגען יידיש־אוקראַינישע פאָלקס־לידער ביים פּאַשען גענדז אויף די זאַפּטיקע לאָנקעס פון איר קאַרפּאַטן־דערפל דזשורקאָוו (אין מזרח־גאַליציע). זיצנדיק שפּעטער ביים מאַשין־רעדל אין ניו־יאָרקער שעפּער, האָט זי פאַנטאַזירט וועגן אַ גרויסער בינע־קאַריערע, און צוגלייך אויסמעמאָרירט שיער נישט די גאַנצע יידישע פּאָעזיע — פונעם עלטסטן ביז צום יינגסטן דיכטער. אַזוי אַרום איז זי געוואָרן אי אַ שוישפּילערין, אי בשתיקה גענומען שרייבן „לידלעך" און זיי אָפּגעדרוקט וואו נאָר עס האָט זיך געלאָזן — אין „פעדער", „ביים פייער", „אידישע וועלט", „פרייהייט", „די פרעסע" (בוענאָס איירעס), „ניו יאָרקער וואָכנבלאַט", „זאַמלונגען" א. א.

אַן אָפּקלויב פון די דאָזיקע לידער איז אַרויס אין אַ ביכל

„מיידלשע געזאַנגען״ (יאַטשקאָווסקי־פאַרלאַג, וואַרשע, 1929), וואָס האָט געפונען אַ גאַנץ סימפּאַטישן אָפּרוף אין דער פּרעסע.

און אָט, נאָך אַ „פויזע״ פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר, דערשיינט די צווייטע זאַמלונג אירע — „פּאַנאַנדערבלי״.

דער נאָמען פון ביכל איז נישט קיין צופעליקער. שרה איז אין דער צייט פיל רייפער געוואָרן. איר פאַנטאַזיע שוועבט איצט אויף מער רעאַלע פליגל. נאָר איר „פּאָעטיזירן״, איר „סוביעקטיוו געפיל״ איז אַלץ נאָך דאָס זעלבע: „אַזוי פיל תורות אָנגעהערט זיך, און גע־בליבן אַלץ דער נאַר״...

זי וויל אויך אַנדערש נישט זיין. בעט זי דאָך ביי גאָט: „מיין מיידלש־נאַריש האַרץ זאָל קיינמאָל קלוג נישט ווערן״. דעריבער טרעפן מיר אויך אין איצטיקן בוך איר שטענדיקע פּאַרקלערטקייט, גוטענקע נאָכגעביקייט און דאָס סענטימענטאַלע ברודערן זיך מיטן שכן מענטש.

אַחוץ ליטעראַטור־רעצענזיעס פון צייט צו צייט, האָט שרה קינד־מאַן אויך געדרוקט איבערזעצונגען פון אַנדערע שפּראַכן. איר איבער־זעצונג פון סטעפאַן צווייגס „אַ בריוו פון אַ אומבאַקאַנטער פרוי״ (גע־דרוקט אין 1935 אין „ניו יאָרקער וואָכנבלאַט״) איז מוסטערהאַפט און פאַרדינט אַרויסגעגעבן צו ווערן אין בוך־פאָרם. פון אַ באַזונדערן ווערט איז איר איבערזעצונג אין דעם איצטיקן ביכל פון די צוויי סערבישע פאָלקסלידער (געדרוקט צום ערשטן מאָל אין „באָדן״, נומ. 3, 1935), וואָס אָטעמען מיט דער אייגנטימלעכער סערבאָ־קראָאַטישער סביבה און פינקלען מיט דער מאָזאַאיק פון האַלב־אָריענטאַלישע מנהגים. באַזונדערס פּאָפּולער איז געוואָרן דאָס „קלאָג־געזאַנג וועגן דער איידעלער פרוי פון אַזאַן אַגאַ״ דורך דער מייסטערהאַפטער דייטשישער איבערדיכטונג פון געטע, אין ענגליש — דורך וואַלטער סקאָט, אין רוסיש — דורך אַלעקסאַנדער פּושקין. איז גוט וואָס עס האָט אויך אין יידיש געקראָגן אַ תיקון.

„פּאַנאַנדערבלי״ וועט זיכער געפינען אַן אָפּקלאַנג ביי דעם מער סענסיטיוון יידישן לייענער, באַזונדערס צווישן פרויען.

י. מ.

ניו־יאָרק, 1957.

## צו דיר, מײַן לעבנסבאַגלייטער

דיר, אין געלויטערטקײַט
פֿון מײַן געמיט,
ווידמע איך מײַן לעבן,
ווידמע איך מײַן ליד.

## ר י י פ ק י י ט

שטאָלץ און פֿול שטייען די זאַנגען
אויף מײַן גאָלדיק־רײַפֿן פֿעלד.
פֿריידיק בינד איך שווערע גאַרבן
אין אַ זון־באַשטראַלטער וועלט.

אַזוי פֿיל זונען־פֿרייד גענאָסן —
און געווייטיקט אָפּט אין צער,
אַזוי פֿיל תורות אָנגעהערט זיך
און געבליבן אַלץ דער נאַר.

# ת פ י ל ו ת

## מ י י ן  ג ע ב ע ט

פֿאַרנעם, גאָט, פֿון האַרצן די פּשוטע רייד:
נישט עשירות און כבוד ביי דיר איך בעט —
נאָר מיין טעגלעכע אַרבעט זאָל זיין מיר אַ פֿרייד,
מיין ליבסטער זאָל אייביק גיין ביי מיין זייט,
און מיין מיידלש־נאַריש האַרץ
זאָל קיינמאָל קלוג נישט ווערן.

ווערט דעמאָלט מיין מזל אויף אייביק מיר לייכטן,
ווי אין הימל די שטערן.

# נאַכטיקע תּפֿילות

## I

דורך נעכט־לאַנגע תּפֿילות
דערפֿיל איך מײַן גאָט.
ווערט לײַכט מײַן געמיט —
אַ טויב אַ ווײַסע,
וואָס פֿלאַטערט אין רוים פֿון לויטערקײַט.
טראָגט זיך אין בלוילעכן שײַן פֿון פֿאַרגעסן
מײַן נאַכטיק געבעט.

דערווײַטער זיך אַצינד,
באַשערטער,
און זאָל אין פֿאַרגעסנקײַט
קומען מײַן רו —
סײַ־ווי בעט איך גאָט פֿאַר דיר יעדוועדע רגע,
און מײַן איינציקע תּפֿילה,
באַשערטער,
ביסטו.

## II

צו דיר, אָ גאָט, געווענדט איז מײַן תּפֿילה:
אויף פֿליגל פֿון שלומער פֿאַרוויג מיך, פֿאַרוויג,
שיק חלומות פֿון ליבסטן און טרוימען פֿון וואָרהײַט,
וועט גאָלדיק זיך וועקן צום אויפֿשטאַנד מײַן גליק.

בענטש אויך דאָס ווינקל, וואו מײַן באַשערטער
רוט אונטער שוץ פֿון דײַן גנאָדפֿולן בליק,
און אויב ער פֿאַרבלאָנדזשעט אויף דאָרניקע וועגן,
ברענג אים בשלום מיר ווידער צוריק.

# מיין מאַמעס לייכטער

מיין מאַמען לייצע געהייליקט

אין דײַנע לײַכטער, מאַמע,
בענטש איך שבת־ליכט,
שאָטענען־אויס די פֿלעמלעך
דײַן כשר־שטיל געזיכט.

און מורמל איך די ברכה
איבער שבתדיקן ליכט,
צעשטראַלט דײַן פֿרומער „אָמן"
מײַן בענטשנדיק געזיכט.

# מאַמע מײַנע

I

איך פֿאַרנעם דײַן שטים
פֿון יענער זײַט זײַן,
מאַמע!
שווימען־אויף לויטערע טעג,
ווען אַ מידע פֿון וועג
איך פֿלעג פֿאַלן אין דײַן שויס
און שעפּן טרייסט פֿון דײַן מויל...

איצט, דיר לזכר,
צינד איך נשמה־ליכט,
מאַמע, —
זאָל זייער הייליקע שײַן
מיר באַלייכטן דעם וועג,
ווי שײַנען עס פֿלעג
די שכינה אויף דײַן געזיכט,
מאַמע.

## II

אין שפּיגל מײַן שאָטן
שפּיגלט־אָפּ דײַן געשטאַלט —
ווינטש איך צו ווערן
יונגערהייט אַלט
און זיך פֿאַרוואַנדלען
אין דײַן ליכטיק געשטאַלט,
מאַמע מײַנע.

דײַן קול נאָך קלינגט
אין מײַנע אויערן, מאַמע —
זאָל גאָט אויך באַשערן
איך זאָל, ווי דו דערהערן
מענטשנס רוף פֿאַר פֿרייד און וויי,
און פּונקט ווי דו, זײַן גרייט פֿאַר זיי.

# ג ע ל ו י ט ע ר ט ע   ש ע ה ׳ ן

## ב ע נ ק ש אַ פ ט

איז בענקשאַפֿט דאָס,
וואָס פֿון פֿרי, ביז אָוונט־שפּעט
מורמל איך אין אַ געבעט:
בובאַ, בובאַ — ?

צי בענקט די כוואַליע אין איר רויש —
וואָס, ווי איך,
אויך זי ברויזט־אויס:
בובאַ, בובאַ — ?

יעדער שאָרך און יעדער ריר
קלינגט דורך בענקשאַפֿט
אויס אין מיר:
בובא, בובאַ —

און ווי שוואַנענס לעצט געזאַנג
לויטערט זיך אין מיר דער קלאַנג,
וואָס רופֿט פֿון פֿרי, ביז אָוונט־שפּעט:
בובאַ — בובאַ — —

# אויף מיין געלעגער

איך ליג אויף מײַן געלעגער,
ס'זינגט אַ ליד אין מיר —
איז עס נײַ געבוירן,
צי קען איך עס פֿון פֿריער?

הער איך דײַנע טריט —
און עפֿנסטו די טיר,
ווייס איך, אַז דו ביזט דאָס ליד,
וואָס זינגט אין מיר.

# וואָס איז אַ ליד?

נישט בלויז געשריבן איז אַ ליד.
אַ ליד איז פֿרייד אויך אין געמיט,
אַ ליד איז אומרו, אַ ליד איז רו,
און דאָס צאַרטסטע ליד פֿון אַלע —
ביסטו, ביסטו.

# אַנטפּלעקונג דו מײַן

דו האָסט זיך הײַנט אַנטפּלעקט
אין אַלע דײַנע פּראַכטן
אויפֿן זוים פֿון האָריזאָנט, מײַן גליק —
זײַנען בלויער נאָך די לויטערע פֿאַרנאַכטן
מיט בלויקײַט פֿון דײַנע אויגנס בליק.

איך האָב דיך הײַנט דערהערט
אין שטורעמדיקן ברויז
פֿון כוואַליעדיקן ים, מײַן פֿרייד — —
איז ברעג און כוואַליע אין זילבער־שפּיל נאָך שענער,
ווײַל זילבער פֿון דײַן קאָפּ איז איבער זיי צעווייט.

# חלום אויף דער וואָר

מיר ווען הײַנט דעם אָוונט
פֿאַרברענגען אין דער היים,
קיינער וועט נישט קומען,
מיר וועלן זײַן אַליין.

דו קוקסט אין מײַנע אויגן,
גלעטסט מײַנע ווילדע האָר —
ס'איז שענער ווי אַ חלום,
ס'איז חלום אויף דער וואָר.

# עס איז דאָך גוט

יאָרן לויפֿן אין גאַלאָפּ.
עס זילבערט שוין מײַן קאַשטאַן־קאָפּ,
נאָר דאָס יונג־געזונגען ליד
מאַניעט אַלץ נאָך מײַן געמיט.

ווען דו עפֿנסט אויף די טיר,
און עס טוט אַ בלענד אויף מיר
דײַן ווײַסער קאָפּ און בלויער בליק,
ווערט מיט ברכות פֿול דאָס הויז.

דעמאָלט ווייס איך, אַז דאָס גליק
איז נישט קײַן חלום בלויז.

# אין פּאָלקסטאָן

## שווייגן

ווי זאָגט מען מײַן ליבסטן,
ווי איך האָב אים האָלד ?
אַז רעדן איז זילבער,
און שווײַגן איז גאָלד — —

איז בעסער צו שווײַגן
מיט אים בײַ דער זײַט.
אַ חכם מײַן ליבסטער, —
ער פֿאַרשטייט דעם באַשייד.

# אין דערוואַרטונג

אָפּגעבענקט אַ גאַנצע נאַכט
און ענדלעך איז דער טאָג אַריבער,
איך יאָג זיך צו דער סטאַנציע, —
ער קומט, ער קומט מײַן ליבער!

ברענגט ער אויערינגלעך און פּערל
און אַ בוך אין העלפֿאַנט־ביין,
און דאָס שענסטע פֿון מתנות —
זיך אַליין.

קוקט ער שאַרף מיר אין די אויגן:
געווען ביסטו מיר טרײַ?
קלינגט עס אַזוי אַלט־באַקאַנט שוין
און דאָך — ווי האַרציק־נײַ...

# מתנות

צווישן די מתנות,
וואָס מײַן ליבסטער האָט געבראַכט,
געפֿונען האָב איך אויכעט
טיכעלעך אַ סך.

דאָס שנירל קרעלן איז געוויס
דעם האַלדז מיר צו באַצירן,
און דאָס שירעמל פֿון זײַד —
צו גיין מיט אים שפּאַצירן.

נאָר ווי לאַנג ער בלײַבט מיט מיר
וויל ער נישט דערקלערן.
האָט ער די טיכעלעך פֿאַרגרייט
צו ווישן מײַנע טרערן?

# בלומען

מײַן ליבסטער איז געקומען,
בלומען מיר געבראַכט,
אין צערטלעכקײַט און ליבשאַפֿט
פֿאַרבראַכט די גאַנצע נאַכט.

בלומען, פּונקט ווי מיידלעך,
בליען, ביז זיי וויאַנען —
בעט זיך ליבסטער, אַז איך זאָל
צו גוטן אים דערמאַנען.

אָנגעליבט זיך, אָנהאָליובעט,
און אַוועקגעפֿאָרן —
קוק איך אויף פֿאַרוועלקטע בלומען
און טראַכט פֿון מײַנע יאָרן.

# קינדער־שפּיל

שפּילן זיך קינדער מיט שיסעלעך, טעפּעלעך —
קינדער באַגליקטע.
שפּילן די גרויסע מיט מענטשלעכע הערצער
אין ליבע פאַרוויגטע.

צעברעכן די קינדער אַ שיסעלע, טעפּעלע —
פאַרדראָט מען עס נאָך;
נאָר הערצער פאַרשוועכטע פאַרבלײַבן, ווי שאַרבנס
אויף אייביק אין בראָך.

# ל ע ב נ ס פ ר י י ד

## ג ל י ק

גליק איז נישט קיין חלום בלויז.
גליק באַדײַט: אַ ציכטיק הויז,
אַ זאַט־געדעקטער טיש
מיט ברויט און מילך און בלומען פֿריש,
געגרייט פֿאַר דעם, וואָס דיר איז ליב.

גליק מיינט אויך: טיילן זיך מיט פֿרייד.
און האָט דער שכן דיך באַטריבט
מיט בייזע רייד,
מיט קרומען בליק —
פֿאַרגיב, פֿאַרגיב.
אויך דאָס איז גליק.

## וואָס נאָך

פֿון אָנהויב זײַן, ביז נישט ווערן
זעסטו הימלען פֿול מיט שטערן,
זעסטו ערד באַדעקט מיט בלומען,
פֿילסטו פֿרייד פֿון ליבסטענס קומען —
און דורך חלומות הימל־הייכן
קאָנסטו צויבער־וועלטן גרייכן —
וואָס נאָך קאָן דיר גאָט דען געבן
אין דײַן פֿריידנפֿולן לעבן ?

# מיין שמייכל

ווי די זון אירע שטראַלן אין אַ לויטערן פרימאָרגן
טראָג איך דער וועלט מײַן שמייכל אַקעגן.
זײַנען מענטשן מיך חושד: ווער ווייסט די כוונה,
וואָס ליגט אין שמייכל בײַ איר פאַרבאָרגן?...

זײַט נישט חושד, ליבע לײַט,
איר דאַרפט דערפאַר מיר גאָר נישט געבן —
געניסט נאָר אַ טייל פון מײַן זוניקער פרייד,
וועט אויך איר אַ שמייכל שענקען דעם לעבן.

# קאַמף און שפּיל

פֿאַר וועמען לעבן איז אַ קאַמף,
פֿאַר מיר איז עס אַ שפּיל —
מיט צופֿרידנקייט אין האַרצן
דאַרף מען דאָך נישט פֿיל.

„אַ לאַבן ברויט, אַ לידער־בוך
און דו, מײַן ליבסטער, בײַ דער זײַט" —
איז מײַן לעבן אָנגעפֿולט
מיט דאָפּלט העלער פֿרייד.

## מיר זיינען געגאַנגען

מיט ליבשאַפט צו מיינע
שוועסטער און ברידער

מיר זײַנען געגאַנגען, געגאַנגען, געגאַנגען —
און אַלץ נישט דערגרייַכט דאָס געגאַרטע פאַרלאַנגען.
דורשטיק מיר זײַנען געקומען צום ברונען —
ווי קוועקזילבער איז דאָס וואַסער אַנטרונען.

אַנטוישטע, מיר האָבן אַהיים זיך געקערט —
האָט געשוועבט אונטער אונדז דאָס באַפליגלטע פערד
און געבראַכט אונדז צו זאַטקייַט פון היימישן טיש
מיט ברויט און מיט ווייַן און מיט האָפנונגען פריש.

# ע ל נ ט

## דער פרעמדער

אַ פֿרעמדער בײַ מײַן פֿענצטער —
כ׳צי אַראָפּ די שטאָרן.
נאָר זע — אין פֿרעמדנס אויג
איז ווי אַ טרער פֿאַרפֿראָרן.

ביסטו איינזאַם, פֿרעמדער,
אין אונדזער גרויסן לאַנד,
אָן אַ היימיש וואָרט,
אָן אַ גלעט פֿון האַנט ?

איך צי אַרויף די שטאָרן,
עפֿן פֿענצטער, טיר —
קום אַרײַן, מײַן חבר,
ביזט נישט קײַן פֿרעמדער מיר.

# צון אַ שאָפּ־מיידל

דער שאַפּ פאַרצערט דײַנע טעג,
כאַפּסט אַ ביסן אויף גיך אין קאַפעטעריע־געיעג,
פאַרנאַכט קומסטו אַ מידע צוגיין
אין מעבלירטן צימער, דײַן „היים".

אין אָוונטן זיצסטו פאַרקלעמט אין פאַרדראָס —
דערוואַרטסטו וועמען? בענקסטו נאָך וואָס?
דײַן זוכנדער בליק געווענדט צו דער טיר —
נאָר קיינער, קיינער קומט נישט צו דיר.

שוועסטער, שוועסטער, אַפילו אין שלאָף
הערסטו דאָך בלויז,
אָן אַן ענד, אָן אַ סוף,
סירענע־געפײַף און מאַשינען־גערויש.

# מיין צער

זע איך מײַן מיט־מענטש
אויפֿשטעלן די האַנט,
זינקט שווער מײַן קאָפּ
פֿון מײַן ברודערס שאַנד.

איך ציטער־מיט אין גרויל
פֿון דעם פֿאַרשטויסענעם ווײַב,
וואָס בלאָנקעט ווי אַ פֿאַרלוירענע צויג,
צו פֿאַרקויפֿן איר לײַב.

איך פֿיל דעם באַהאַלטענעם וויי
פֿון מיידלעך, וואָס גייען צו קינד —
זיך קנוילענדיק הינטער אַ פלויט
צו דערשטיקן „די זינד".

מיטן פֿאַרמשפּטן אויפֿן לעצטן גאַנג
גיי איך מיט פֿאַרחלשטע טריט
און פֿון מײַן האַרץ טריפֿט דער צער,
ווי פֿון געקרײַצטנס לײַב דאָס בלוט.

# אויך דאָרט

צו לינאַ אַלפּערט
און אַלע אונדזערע פריינט

אויך אויף אויסגעפּוצטע גאַסן,
און צווישן סאַמעט, גאָלד און זייַד
הויזן מענטשן אין עלנט,
וויינט אַ האַרץ אין איינזאַמקייַט.

מעג זייַן דער טיש מיט זעט געלאָדן,
אויער און פינגער מיט עדלשטיין —
שטיקן וועט אַיעדער ביסן,
ווען דו זיצסט בייַם טיש אַליין.

# אַליין

אויפֿגערוימט דאָס עלנט שטיבל,
ברענג איך ווײַן און בלומען,
גרייט דעם טיש פֿאַר צוויי —
אפֿשר וועט ער קומען?

געוואַרט אַ טאָג, געוואַרט שוין צוויי
אין שטיבל אויסגעצירט.
עס וויאַנען שוין די בלומען —
זײַן כוס איז אַלץ נאָך נישט באַרירט — — —

שטעל איך זיך אויפֿן ברייטן שיידוועג
מיט מײַן קוויבער שפּײַז און ווײַן,
באַגריס אַיעדערן פֿאַרבײַגייער,
ווער ער זאָל נישט זײַן — —

און קומט נישט קיינער אין מײַן שטוב —
פֿאַרבעט איך שכנס קראַנקן הונט
און טייל מיט אים מײַן ברויט און ווײַ
אין ביטערקײַט פֿון טיפֿער וואונד.

# אַן אַרבעטס־טאָג

דער זייגער קלינגט!
פֿון בעט אַ שפּרונג —
כאַפּ זאָקן און די שיך,
אַ קלייד אַרויפֿגעשלעפּט אויף זיך,
און צו דער סאָבוויי גיכער־גיך!

אין דער סאָבוויי אַ געדרענג —
אויף אַ לעדערל זיך הענג!
אין פּלייצע אַ שטופּ, אין זייַט אַ שטויס —
און די סאָבוויי שפּייט דיך אויס.

אַרייַנגעפֿאַלן אינעם שאַפּ,
שפּאַנט דיך איַין דער „ספּיד־אַפּ" —
שטעפּ מיט פֿיס און פֿיר מיט הענט —
נישט דו אַרבעטסט, נאָר עס ברענט,
אַז די מוסקלען ווערן שטייף!

און אָט, דאָס פּייַפּל גיט אַ פֿייַף —
אונטן וואַרט דער אויטאָמאַט — —
נישטאָ קיין צייַט צו עסן זאַט,
צוריק אין „ספּיד־אַפּ" קום!

ערגעץ־וואו בליט אַ בלום,
ערגעץ לאָקט אַ קאַראָהאָד —
דו שפּאַן זיך איַין אין ראָד!
דערנאָך אַהיים שלעפּ דייַן געמיט,
און מאָרגן — זינג דאָס זעלבע ליד.

## ש פ י ל

### כ י ש ו ף

(פריי נאָך מאַריאַנאַ פערל)

זוכסט אַ כישוף, יונג־שיין מיידל ?
פאַרמאָגסט דאָך כישוף זייער אַ סך :
מיט אויגן פּײַערדיק, ווי דײַנע,
איז כישוף גאָר אַ גרינגע זאַך.

שאַרף־אָן ווי פּײַלן דײַנע בליקן,
וואָס ברענען אין די אויגן שוואַרץ,
זאָלסט דערנאָך זיי קאָנען שיקן
צו איעדן מאַן אין האַרץ.

קלוימערשט בינדסטו־צו דײַן שיכל —
דעם דעקאָלט דערבײַ מאַך לויז,
און טו אַ שפּיל מיט מענער־האַרץ,
ווי עס שפּילט זיך קאַץ מיט מויז.

וואָס ? דו זאָגסט עס איז נישט עטיש ?
ווילסט ליבן אָפּנהאַרציק, טרײַ ?
נאַריש מיידל, זײַ קאָקעטיש —
מענער ווילן נאַרערײַ.

# טרערן

וואָסזשע וויינסטו, נאַריש מיידל —
ער איז אַוועק און קומט נישט מער?
געבליבן איז דאָך דיר אַ בענקשאַפֿט,
וואָס צעזינגט זיך אין אַ טרער.

ווי' צו דעם, וואָס האָט קיין טרערן,
ווײַל די בענקשאַפֿט איז אַוועק —
דאָס האַרץ איז דעמאָלט ווי אַ מדבר,
וואו עס הוילט אַ ווילדע שרעק.

# מיט פֿאַרמאַכטע אויגן

וואונדערלעכע זאַכן זע איך
מיט פֿאַרמאַכטע אויגן:
אַ ווײַס באַפֿליגלט פֿערד
איז אין הימל אָפּגעפֿלויגן,
און די ברייטע, גרויסע ערד
איז אין סאַמעט־בלוי געהילט.
איך הער אַפֿילו ווי דער ווינט
דורך צווײַגן טשעלאָ־טענער שפּילט — —
ווערן גרויע, טויבע ווענט
מיט רויזן־בליט פֿאַרצויגן — —
אַך, ווי וואונדערלעך די וועלט
מיט פֿאַרמאַכטע אויגן...

# ש ט י מ ו נ ג ע ן

## דעם לעבנס צוועק

און אַז דו זיצסט שוין „נאַשפּיץ”
אין גילדערנעם געשפּאַן,
און יאָגסט זיך נאָך עפּעס,
וואָס איז ערגעץ־וואו פאַראַן —
איז עס נישט אַ פאַרבלענדעניש־שפּיל ?
יאָגנדיק פאַרלירסטו דעם וועג צו דײַן ציל.

ווי וואויל איז צו זיצן
אין שאָטן פון בוים,
צו הערן דאָס גערויש
פון כוואַליעדיקן שוים
בײַ ימימס ברעג —
איז עס נישט אין זיך אַליין אַ צוועק ?

# מ י י נ ע   ט ר ו י מ ע ן

מײַנע טרוימען —
קראַנקע קינדער
בײַ מוטערס אויסגעצוימטער ברוסט.

מײַנע טרוימען —
תאוות ווילדע,
פּײַניקער פֿון פֿרעמדער לוסט.

מײַנע טרוימען —
ווײַסע שוואַנען,
שווימענדיק אויף קלאָרן טײַך.

און ווײַל מײַן האַרץ איז פֿול מיט בענקשאַפֿט —
טרוימען מײַנע,
האָב איך אײַך.

# מיין נישט פֿאַרענדיקט ליד

אין שיינקייט פֿון מײַן אויסגעחלומטן פּאַלאַץ,
אין באַשנייטע טורעמס פֿון לעגענדע,
אין קלאָרן, שטילן טײַך
און אין ווילדן וואַסער־פֿאַל
שוועבט אַרום אַ זינגענדיקס
מײַן נישט־פֿאַרענדיקט ליד.

און טאָג נאָך טאָג,
און נאַכט נאָך נאַכט
צי׳ איך זיך צו דיר,
מײַן נישט פֿאַרענדיקט ליד!
און אויף מײַן בענקשאַפֿט ענטפֿערט בלויז
דער וואָיענדיקער ווינט:
מיד... מיד... מיד...

## אַ ש

אַ געפּרעסטע בלום, פֿאַרטרוקנט,
און אַ בילד, געבלייכט פֿון צײַט,
אַ פֿאַרגעלט־צעריבן בריוול
דערציילט פֿון אָפּגעוועלקטער פֿרייד — — —
וויפֿל טרוימען ניט דערטרוימטע,
וויפֿל האָפֿנונגען פֿאַרזוימטע...

אין דער בלום נאָך ברענט דײַן אָטעם,
אין דעם בילד — דײַן בליק,
און פֿון בריוולס טויטע צײכנס
זינגט דאָס אַלטע גליק — — —
שטיי איך, גלײַך אַ נשרף, בײַ פֿאַרברענטע פֿריידן
און וועל שוין פֿון דעם הויפֿן אַש קיינמאָל זיך ניט שיידן.

# מײַן לידער־בוך

די קלײנע לידער אין מײַן בוך
זײַנען נישט קײַן צײכנס אויף פּאַפּיר —
מיר דאַכט, אַז צאַרטע קינדער־הענטלעך
שטרעקן זיך פֿון זײ צו מיר.

װינקען אותיות — קינדער־אױגן,
שורות — לעקעלעך צעװײט,
די טאָװלען זײַנען קינדער־קלײדלעך
פֿון דער מאַמעס האַנט גענײט.

מיש איך בלאַט נאָך בלאַט די לידער,
װי קינדער־װינדלען אויפֿן װינט —
בײַ אַ דיכטערין, מײַן ליבער,
איז אַיעדעס ליד אַ קינד.

# איבערזעצונגען

## יצחק שרייער*)

### I

### אַ וואָרט

אָפּט דערמאַנט זיך מיר אַ וואָרט,
פֿון וועלכן כ'האָב אַמאָל געטרוימט —
פֿון טיפֿענישן טויכט עס אויף,
נעמט־אָן געשטאַלט און ווערט באַלעבט.

באַגלייט עס מיך אויף מײַנע וועגן
ווי אַן אייגן לײַבלעך קינד,
שפּילט זיך, לאַכט, נעמט קשיות פֿרעגן
און צעקלינגט אַ פֿרייד אין האַרץ.
דאָך אַמאָל — דעם בליק פֿאַרשטאַרט,
קלאָגט־אָן דאָס וואָרט גאָר שאַרף און האַרט...

*) יצחק שרייער, געבוירן דעם 20טן אָקטאָבער 1890 אין ווידשניץ, בוקאָווינע; געשטאָרבן דעם 14טן יאַנואַר 1948 אין ניו־יאָרק. ער האָט געשריבן אין דייטש און העברעאיש און איבערזעצט אַ סך לידער און פּראָזע פֿון יידיש און העברעאיש אויף דייטש. די דריי געבראַכטע לידער זיינען איבערזעצט פֿון דער דייטשער זאַמלונג פֿון זיינע לידער „פּסאַלם פֿון אַ איינפאַכן מאַן" (ניו־יאָרק־ווין, 1950).

II

# און אפשר וועט באַלד...

און אפּשר וועט באַלד אַזוי געשען:
נאָך אַ פּאָר יאָר וועלן אַרום דער ערד זיך דרייען —
דו טרייסלסט דאָס ביסל לײַב פֿון זיך אָפּ,
און וועסט אַראָפּ,
אפּשר בלויז ווי אַ ווינטל אין אייביקײַט צו שוועבן.
אָבער פֿון דײַן פֿאַרטריקנטן בלוט
וואַקסט־אויס אַ פֿלאַנץ, ווי אַ ציטערדיק לעבן,
און איר באַפֿרוכפּערנדיקער זאָמען
יאָגט זיך איבער בליענדיקע לאָנקעס און פֿעלדער,
צו ווערן אַ בוים ערגעץ אין די וועלדער.
לאַשטשעט דאָס ווינטל די גרינע קרוין פֿון רוישנדיקן בוים
און פֿאַרטראָגט אַ בלאַט אין דיכטערס טונקעלן צימער,
צעשטראַלט זיך אַ זכר
פֿון אייביקײַט,
ווען דעם דיכטער האָט לאַנג שוין פֿאַרשלונגען די צײַט.

III

## צון אַ גריל

האָסט מיך פֿאַרלאָקט אין גרינקײַטס־שטיל,
קלײנע גריל,
אַרויס פֿון רויש אין גרויסער שטאָט.
וויל דער ווינט מײַן שטערן קילן.
דײַן ליד, מײַן גריל, לאָזט מיך דערפֿילן
דעם וואַלד און בלום, דעם בוים און בלאַט.

אַזוי פֿאַרוויגט אין בלויקײַטס־שטיל,
קלײנע גריל,
בין איך אין חלום־לאַנד אַרײַן,
האָט מײַן נשמה די אַנטבלויזטע
דערשפּירט מײַן האַרפֿע, די פֿאַרוישטע
צווישן מויערנס שטאָל און שטיין.

# דזשיימס ד. קאָראָהאָטערס*)

## אַ מאָלצייט פון ניט געאיידלטע

שווערע צײַטן ערב יום־טוב (אייביק איז אַזוי געווען),
קומען מיר בסוד צונויף זיך, ווײַסע זאָלן אונדז ניט זען,
אַרומצוריידן אונדזער לאַגע און דערבײַ צו טאָן אַ טראַכט:
ווי וועט גאָט אַ זאַטן מאָלצײַט שיקן אונדז אויף יום־טוב
נאַכט...
רופוס גרין האָט אונדז פאַררופן. ער שטעלט זיך אויף און
טוט אַ זאָג:
— דאָ, ווי פונקט אין גאַנצן לאַנד, האָבן ווײַסע אונדז גע־
פלאָגט —
געקויפט־פאַרקויפט, פאַרשקלאַפט — און אויך, אַז אָך און
וויי, באַפרײַט...
רירט עס אָבער אָן דעם מאָגן — דעמאָלט גייט עס שוין
צו־ווײַט.
בין איך גערעכט?

„יעסעם, רופוס — רופן קולות אין געשריי —
פערד און אייזלען בײַ דער אַרבעט, — גיט מען ניט קײַן
האָבער זיי?"
— גוט געזאָגט — איז מסכים רופוס — ווײַסער שפילט אַ
בייזע געים 1):

*) דזשיימס ד. קאָראָהאָטערס, נעגערשער דיכטער און פריידיקער. געבוירן אין קאָס קאָנטי, פאַראייניקטע שטאַטן, אין יאָר 1869, גע־שטאָרבן אין 1919.

1) שפּיל.

אַרבעט פֿיל, און צאָלן ווינציק. ווער קאָן אויסקומען מיט דעם?
ס'איז ניט איידל דאָס צו זאָגן, — נאָר אָט קומט אַ יום־טוב
אויף דער וועלט;
וואָס וועט זײַן מיט אַ יום־טוב־מאָלצײַט, ווען מיר האָבן ניט
קײַן געלט?
קײַען טוטפֿיקס 2)? צי מיט וואַסער מאַכן זיך די ליפּן נאַס?
ס'איז דאָך ריינע משוגעת!
מיר האָט שוין פֿון לאַנג דערעסן אָט־דער שפּיל פֿון ווײַסע
לײַט!
דאַרף מען זאָגן זיי און וואָרנען — זיי גייען שוין צו־ווײַט!

ווערט אַ טומל. ביז דער אַלטער פּאַפּאַ סײַמאָן הויבט זיך
אויף פֿון אָרט
און, צוליב רעוומאַטיזם אָנגעשפּאַרט זיך אויפֿן שטעקן, נעמט
ער דאָס וואָרט:
„ווייסט איר וואָס דער ווינטער־ווינט ווייִנט־אויס דורך זײַן
וויי און אָך?
ער האָט אום זומער אַלץ פֿאַרצערט... איז וואָס? עסן
אָבער דאַרף מען דאָך.
כ'האָב פֿעטע אינדיקעס געזען אויפֿן פּלאַנטאַטאָרס גוט
(אויסגעוואַקסן גרויס און זאַפֿטיק, אַז קײַן בעסערס דאַרף
מען ניט!);
שאָף, חזירים אין די שטאַלן, קאַרטאָפֿל זיסע, — דאַרף מען
מער?
וואָס איז נויטיק איז אַ ,קאָמיטע' 3), צו ברענגען אַלדאָס
גוטס אַהער.״
האָבן מיר אַלע צוגעשטימט (דער אײַנפֿאַל איז דאָך גוט
געווען) —

---

2) צאָן־שטעכער.

3) פֿאַרשטייער.

און געהאַט אַ קריסטמעס־מאָלצײַט — אויף מײַלן קאָן מען
דאָס ניט זען!
געגעסן גאָר געשמאַק און זאַט, קינד און קייט, קליין און
גרויס.
ניט ערלעך, זאָגט איר? אָך, חלילה! מיר זײַנען ניט גע־
איידלט בלויז.

# צוויי סערבישע פאָלקסלידער

## דער געפונענער סימאָן

יעדן פרימאָרגן גייט דער גרייז־גרויער מאָנאַך,
יעדן אינדערפרי גייט ער צו דעם דונאַי,
פון דעם קאַלטן דונאַי טוט ער וואַסער שעפּן,
וואַשט זיך הענט און פיס איידער ר'איז מתפּלל.
פלוצים הײַנט אַ צופאַל: פאַר דעם אַלטנס אויגן
ליגט אַ בלײַען קעסטל,
אַרויסגעשווענקט פון וואַסער אויף דעם ברעג פון דונאַי.
מיינט דער אַלטער, אַז אַן אוצר ליגט אין דעם פאַרבאָרגן,
נעמט ער מיט דאָס קעסטל אין זײַן שטילן קלויסטער.
אָבער ווען געעפנט ער האָט דאָס בלײַען קעסטל —
נישט קיין אוצר־געלט האָט ער אין דעם געפונען:
אַ קינדיש פנימל שײַנט אים גאָר אַקעגן,
אַ ייִנגעלע אַ קליינס פון אפשר זיבן טעג!
און לעבן אים די הייליקע עוואַנגעליע.

נעמט אַרויס דער אַלטער דאָס ייִנגעלע פון קעסטל,
פריסוואָיעט עס צו זיך אין זײַן שטילן קלויסטער,
און טראַכט־צו אַ שיינעם נאָמען פאַר דעם פינדל־קינד:
„פינדלינג סימאָן" ווערט דאָס קינד געכרעסטעט.
נישט קיין אַם פאַרטרויט ער איצט זײַן אוצר.
ער כאָוועט עס אַליין אין פרומען קלויסטער,
און קאָרמעט אים מיט האָניק און מיט צוקער 1).

---

1) האָניק און צוקער איז שטענדיק אין סערבישן פאָלקסליד דער אויסדרוק פון ליבפולער באַהאַנדלונג און דערציאונג.

און איז דאָס קינד אַ יאָר קוים אַלט געוואָרן,
געווען איז עס ווי אַן אַנדער קינד פֿון דרײַ;
און איז עס דרײַ יאָר אַלט געוואָרן,
איז עס ווי אַן אַנדער קינד פֿון זיבן;
ווען עס האָט דאָס זיבנטע יאָר דערגרייכט,
געוועזן איז עס ווי אַן אַנדערער פֿון צוועלף;
און ווען דאָס ייִנגל איז צוועלף אַלט געוואָרן,
איז ער שוין געווען ווי אַן אַנדערער פֿון צוואַנציק.
גוט געלערנט האָט זיך אונדזער פֿינדלינג סימאָן,
פֿאַר שול־חברים דאַרף ער זיך ניט שרעקן,
און אויך נישט פֿאַרן הויפּט, דער פֿאָטער פֿונעם קלויסטער.

אײַנמאָל אַ פֿרימאָרגן, עס איז געוועזן זונטיק,
פֿונעם קלויסטער גייען אַלע קינדער
פֿריילעך אויף דער פֿרײַ אין שפּילן צו פֿאַרברענגען:
ווער אין שטיינער וואַרפֿן, ווער אין הויכע שפּרונגען.
פֿינדלינג סימאָן שטײַגט זיי אַלע איבער אין די שפּילן:
העכער פֿון זיי שפּרינגט ער, וואַרפֿט דעם שטיין אַמווײַטסטן.
וועקט עס בייזע קנאה בײַ די שול־חברים
און זיי ריידן שפּאָטיש צו דעם פֿינדלינג סימאָן:
„קוק אים אָן דעם סימאָן! סימאָן, ביזט אַ פֿינדלינג!
נישט מען ווייסט דײַן שטאַם און נישט פֿון דײַנע קרובים,
ווייסט דאָך נישט צומאָל פֿון וואַנען ביזט געקומען!
אין אַ קעסטל בײַ דעם ברעג פֿון טיפֿן דונאַי
האָט אַמאָל דער קלויסטער־פֿאָטער דיך געפֿונען.“
שווער ווערט אויפֿן האַרצן אונדזער פֿינדלינג סימאָן,
און ער גייט צוריק אַליין אין קלויסטער־צעל,
נעמט אין האַנט די הייליקע עוואַנגעליע,
לייענט און לייענט, און זײַנע טרערן רינען.

געקומען דער מאָנאַך, בלײַבט פֿאַרוואונדערט שטיין
און רעדט צו אים מיט פֿאָטערלעכער ליבע:
„זאָג מיר וואָס דיר איז, סימאָן, ליבער זון,
וואָס זײַנען דײַנע אויגן איבערפֿולט מיט טרערן?
זאָג, וואָס פֿעלט דיר דאָ אין אונדזער שטילן קלויסטער?"
אים געענטפֿערט האָט דער פֿינדלינג סימאָן:
„הער מיך אויס, מײַן האַר, בכבודיקער פֿאָטער!
אויפֿגעוואַקסן האָבן מײַנע שול־חברים,
אַז נישט מײַן שטאַם איך ווייס און אויך נישט מײַנע קרובים,
אַז געפֿונען האָט מען מיך בײַם ברעג פֿון דונאַי.
בעט איך, האַר און פֿאָטער, דערהער איצט מײַן בקשה,
ווי עס איז דיר ליב דער ווארהאַפֿטיקער גאָט:
גיב דאָס ווײַסע פֿערד מיר פֿון דער שטאַל אַרויס
און לאָז מיך ציען אין דער ווײַטער וועלט
צו פֿאָרשן און דערגיין צו וועמען איך געהער,
צי איז מײַן אָפּשטאַם פּראָסט און נידריק,
אָדער אפֿשר גאָר פֿון גרויסן יחוס!
לאָז מיך, אויב דו ווילסט נישט איך זאָל אין דונאַי זיך
דערטרינקען!"

טרויעריק זייער געוואָרן איז דער אַלטער פֿאָטער,
ווײַל סימאָנען האָט ער ליב ווי אַן אייגן קינד;
גיט ער אים די טײַערסטע געוואַנדן,
גיט אים טויזנט גאָלדשטיק אויף צערונג אין דער פֿרעמד,
און דאָס פֿלינקע ווײַסע פֿערד פֿון שטאַל אַרויס.
און אַזוי האָט סימאָן זיך געלאָזט אין ווײַטער וועלט.

וואָגלט סימאָן אָט אַזוי שוין נײַן לאַנגע יאָרן,
פֿאָרשט און זוכט אַלץ צו דערגיין זײַן נאָמען און זײַן שטאַם;
אָבער ווי אַזוי דען קאָן ער אָט־דעם סוד דערגייין,
אַז ער ווייסט צומאָל נישט בײַ וועמען נאָכצופֿרעגן?
און ווען דאָס צענטע יאָר האָט זיך אָנגעהויבן,
קומט־אויף גאָר פּלוצים אַ געדאַנק דעם פֿינדלינג סימאָן
ווידער זיך אין קליאַשטאָר אומצוקערן,
און ער פֿאַרקירעוועט זײַן פֿערד תיכף גלײַך אַהין.

איינמאָל אַ פֿרימאָרגן, געווען איז קוים באַגינען,
רײַט ער גראָד פֿאַרבײַ די ווײַסע פֿעסטונג בודאַ[2].
הויך געוואַקסן איז געווען דער בחור,
שיין צעבליט זיך האָט ער, ווי אַ מיידל,
גוט דערנערט דאָס ווײַסע פֿלינקע פֿערדל.
יאָגט ער מונטער דורך די בודאַ־פֿעלדער
און טרעלקעט־אונטער פֿון זײַן קלאָרן האַלדז.
און אַזוי האָט אים דערזען די קעניגין פֿון בודאַ.
אָבער ווען זי האָט אים נענטער נאָך באַטראַכט,
רופֿט זי איר פֿאַרטרויטע שקלאַפֿין:
„אײַל זיך גיך אַראָפּ, געטרײַע שקלאַפֿין!
פֿאַרהאַלט דאָס ווײַסע פֿערד פֿון יענעם רײַטער,
זאָג אים, אַז די קעניגין פֿאַרלאַנגט אים,
וויל מיט אים אין פֿרײַנטשאַפֿט אַ פּאָר ווערטער ריידן."
ראש געלאָפֿן איז די טרײַע שקלאַפֿין,
סימאָנס פֿערדל אָנגעכאַפּט בײַם צײַמל,
און אַזוי געשעפּטשעט סימאָנען אין אויער:
„האַלט, אָ העלד! די קעניגין פֿאַרלאַנגט דיך,
וויל מיט דיר אין פֿרײַנטשאַפֿט אַ פּאָר ווערטער רײַדן!"

2) בודאַ — דער דעמאָלסדיקער נאָמען פֿון דער שפּעטערער שטאָט בודאַפּעסט.

פֿאַרקירעוועט זײַן פֿערד אונדזער פֿינדלינג סימאָן,
שטייגט אַראָפּ אין הויף פֿון ווײַסן טורעם,
גיט דאָס פֿערדל איבער דער פֿאַרטרויטער שקלאַפֿין,
און אײַלט אַליין אַרויף צום ווײַסן טורעם.

קוים די שוועל אַריבער, דערזען די קעניגין,
האָט ער דעם קאָפּ אַנטבלויזט און זיך טיף פֿאַרנויגט
און זי באַגריסט מיט וואונטשן פֿון דעם האַר דערלייזער.
און די קעניגין דערווידערט זײַן באַגריסונג,
פֿירט אים גלײַך צום רײַך־געגרייטן טיש,
גיסט אַליין פֿון פֿלעשער ווײַן און זיסן בראָנפֿן
און נעמט אים אויף מיט קעניגלעכער האַנט.
סימאָן זיצט און לאָזט זיך זעטיק וואוילגיין;
נאָר די קעניגין די שיינע קאָן קײַן זאַך געניסן,
גאַנץ פֿאַרטיפֿט אין סימאָנס אָנבליק.
און ווען די נאַכט איז צוגעפֿאַלן,
זאָגט די קעניגין צום פֿינדלינג סימאָן:
„בלײַב בײַ מיר, דו אומבאַקאַנטער רײַטער!
וועסט ביסטו אַ פֿירשטין זאָל דיך ליבן,
וועסט אַפֿילו אַ קעניגין צו קושן!"

פֿינדלינג סימאָן, שוין באַרוישט פֿון ווײַן,
טוט ווי די קעניגין געביט אים,
און ער ליגט בײַ איר אין ליבע די גאַנצע פֿולע נאַכט.

אָבער ווען דער מאָרגן האָט די אויגן אים געעפֿנט
און אויסגעניכטערט ר'איז געוואָרן פֿון זײַן שיכרות,
האָט אַ בושה און חרטה אים באַנומען.
שווער געוואָרן אויפֿן האַרצן איז דעם יונגן סימאָן,
כאַפּט ער שנעל זיך אויף פֿון זײַן געלעגער
און וויל זיך לאָזן גלײַך צום פֿערד דעם פֿלינקן.

האַלט אים אָפּ די קעניגלעכע האַרין,
וויל אים געבן זיסע קאַווע, בראָנפּן.
לאָזט זיך אָבער סימאָן מער שוין נישט פֿאַרהאַלטן,
כאַפּט אַרויף זיך אויף זײַן פֿלינקן פֿערדל
און וואַלאַי וואָס גיכער איבער בודאָס פֿעלדער!
נאָר באַלד דערמאָנט זיך אונדזער סימאָן:
די עוואַנגעליע האָט ער דאָך פֿאַרגעסן
בײַ דער קעניגין אין ווײַסן טורעם.
דרייט ער תיכף אויס דאָס פֿערדל אויף צוריק,
לאָזט אין פֿאָרהויף דאָס פֿערדל שטיין,
און אַליין לויפֿט ער אַרויף אין ווײַסן טורעם.

זע, דאָ זיצט די קעניגין די האַרין
בײַם פֿענצטער אין איר קעניגלעכן פּאַלאַץ,
גאַנץ פֿאַרטיפֿט אין דער הייליקער עוואַנגעליע,
און פֿון אירע אויגן גיסן טײַכן טרערן.
גענענט צו איר סימאָן און זאָגט איר אָט־די ווערטער:
„גיב מיר, קעניגין, די הייליקע עוואַנגעליע!"
און די קעניגין דאַרויף אים האָט געענטפֿערט:
„אָרימער סימאָן! דו אומגליקלעכער ייִנגל!
פֿאַרשאָלטן איז די שעה, ווען האָסט אין וועג געלאָזט זיך,
און מער פֿאַרשאָלטן איז די שעה, וואָס האָט צו מיר געפֿירט
דיך!
ווען דו האָסט די קעניגין געצערטלט,
ווען האָסט איר פּנים אַזוי הייס געקושט —
געצערטלט און געקושט האָסטו
די אייגענע מוטער דײַנע!(3

---

3) ווי ביי אַ סך אַנדערע פעלקער (אויך ביי יידן), גילט ביי די סערבן אַ מנהג אַריינצושרייבן דעם נאָמען און די געבורט־דאַטעס פון קינדער אין דער ביבל. לויט דעם האָט די קעניגין זיך דערוואוסט, אַז סימאָן איז איר אייגענער זון.

ווען דער פֿינדלינג סימאָן האָט די רייד פֿאַרנומען,
גערונען זײַנען טרערן איבער זײַנע באַקן;
אַ בלייכער נעמט ער איצט די עוואַנגעליע,
קושט דורך הייסע טרערן די ווײַסע האַנט פֿון מוטער,
כאַפּט דאָס ווײַסע פֿערדל און אין טרויער
לאָזט ער רײַטן זיך קריק אין שטילן קליאַשטאָר.

ווען ער קומט שוין נאָענט צו דעם קליאַשטאָר,
דערבליקט אים דער מאָנאַך פֿון ווײַטן —
ער האָט באַלד דערקענט דאָס ווײַסע פֿערד
און זײַן ליבן זון, זײַן פֿינדלינג סימאָן.
זיך דערנענטערט, לויפֿט דער אַלטער אים אַנטקעגן.
שפּרינגט סימאָן פֿון ווײַסן פֿערד אַראָפּ,
בוקט זיך טיף צו דער ערד
און קושט דעם זוים פֿון קלייד און הענט פֿון דעם מאָנאַך.
נעמט דער אַלטער אויספֿרעגן בײַ אים:
„וואו ביסטו געווען, פֿינדלינג סימאָן?
וואו ביסטו געווען די גאַנצע לאַנגע צײַט?"
ענטפֿערט אים דער פֿינדלינג סימאָן:
„פֿאָטער הײַליקער, אוי, בעסער זאָלסט נישט פֿרעגן!
פֿאַרשאָלטן איז די שעה, ווען איך האָב אין וועג געלאָזט זיך,
נאָך מער פֿאַרשאָלטן יענע, וואָס האָט קײַן בודאַ מיך געפֿירט!"
און ס'דערציילט אים סימאָן וואָס עס איז פֿאַרלאָפֿן.

קוים האָט דער אַלטער זײַנע רייד פֿאַרנומען,
נעמט ער אים אָן בײַ זײַן האַנט דער רעכטער,
עפֿנט־אויף דאָס גרויליקע געפֿענגניש,
וואו דאָס טוכלע וואַסער גרייכט אַזש ביז די קני,
און אין וואַסערווימלען זיך עקדושן און שלאַנגען.

אַהער פֿירט ער אַרײַן דעם יונגן סימאָן,
פֿאַרשליסט דאָס שרעקלעכע געפֿענגניש
און וואַרפֿט אַרײַן דעם שליסל אין דעם טיפֿן דונאַי,
מורמלענדיק פֿאַר זיך די שטילע ווערטער:
„ווען דער שליסל וועט צוריקקערן פֿון וואַסער,
וועט אים האָבן גאָט די זינד פֿאַרגעבן.״

אַזוי פֿאַרגאַנגען זײַנען נײַן גאַנץ־לאַנגע יאָרן.
און ווען דאָס צענטע יאָר האָט זיך אָנגעהויבן,
האָט אַ פֿישער אין זײַן נעץ געכאַפּט אַ פֿיש,
און אין אינגעווייד פֿון פֿיש אַ שליסל גאָר געפֿונען.
ברענגט ער אָט־דעם וואונדער צום מאָנאַך דעם אַלטן.
שווימט־אויף אין זײַן געדאַנק דער פֿינדלינג סימאָן!
נעמט ער דעם שליסל פֿון דער תפֿיסה,
עפֿנט אויף דאָס שרעקלעכע געפֿענגניש —:
זע! נישטאָ קײַן וואַסער מער אין דעם געפֿענגניש,
ס׳קריכן מער נישט דאָרט קײַן עקדושן און שלאַנגען, —
עס שטראַלט גאָר העל די זון ווי אונטער בלויען הימל!
און אויף אַ שטול פֿון גאָלד זיצט סימאָן אַ דערלייזטער,
האַלטנדיק אין האַנט די הייליקע עוואַנגעליע.

# קלאָג־געזאַנג

## וועגן דער אײדעלער פֿרוי פֿון אַזאַן אַגאַ

וואָס מײנט די װײַסקײַט דאָרט בײַם גרינעם וואַלד?
איז דאָס שניי, צי שוואַנען דאָרט?
וואָלט דאָס שניי געווען, וואָלט ער צעשמאָלצן זיך;
און שוואַנען וואָלטן דאָך שוין לאַנג אַוועקגעפֿלויגן.
ניין, עס איז קײַן שניי און אויך קײַן ווײַסע שוואַנען,
דאָס גלאַנצן די געצעלטן דאָרט פֿון אַזאַן אַגאַ,
וואו ער ליגט אַצינד אַ שווער פֿאַרוואונדעטער.

קומט צוגיין די מוטער, קומט צוגיין די שוועסטער,
נאָר דאָס ווײַב, דאָס צנועהדיקע, שעמט זיך צוצוקומען.

און קוים איז אַזאַן אַגאַ פֿון זײַן וואונד גענעזן,
באַפֿעלט ער זײַן געטרײַען ווײַב אַזוי צו זאָגן:
„וואַרט נישט מער אויף מיר, נישט אין מײַן געצעלט,
נישט אין הויף בײַ מיר און נישט בײַ מײַן משפּחה".

ווען דאָס ווײַב פֿאַרנומען האָט ס׳האַרטע וואָרט,
איז איר האַרץ דאָס טרײַע שטאַר פֿון פּײַן געוואָרן.
און ווען זי הערט, פֿאַרציטערט, פֿערד אין דרויסן שטאַמפּן,
דאַכט זיך איר, אַז אַזאַן איז צו איר געקומען,
אײַלט זי אויף דעם טורעם, זיך אַראָפּצוּוואַרפֿן.
לויפֿן נאָך צוויי טעכטערלעך, פֿייגעלעך צעשראָקענע,
מיט טרערן ביטערע רופֿן זיי די מאַמע:
„דאָס זײַנען ניט די פֿערד פֿון אונדזער פֿאָטער אַזאַן,
דײַן ברודער פּינטאָראָוויטש איז צו אונדז געקומען!"

און עס קערט זיך אום דאָס ווײַב פֿון אַזאַן אַגאַ,
וואַרפֿט זיך אויפֿן האַלדז פֿון ברודער וויינענדיק:
„זע די שמאַך, אוי ברודער, פֿון דײַן שוועסטער!
פֿאַרשטויסן האָט ער מיך, די מוטער פֿון פֿינף קינדער!"

שווײַגט דער ברודער, ציט אַרויס פֿון טאַש
אין ליכטיק־רויטן זײַד געוויקלט
אַן אויסגעשטעלטן בריוו פֿון שיידונג:
צוריקגעקערט ווערט זי אין איר מוטערס היים,
און פֿרײַ איז זי אַ צווייטן מאַן צו נעמען.

ווי נאָר עס האָט די פֿרוי דעם טרויער־בריוו דערזען,
האָט זי אירע ייִנגלעך צוויי די קעפּלעך אויסגעקושט,
געקושט די בעקלעך פֿון די ביידע מיידלעך,
אָבער, ווײ! פֿון עופּעלע אין וויגל
איז שווער זיך אָפּצורײַסן!

רײַסט זי אָפּ דער אויפֿגעקאָכטער ברודער,
זעצט זי אויף זײַן פֿלינקן פֿערד
און יאָגט אַזוי מיט דער צעפּײַניקטער
גלײַך צום פֿאָטערס פֿײַנעם וואוין.

אַוועק אַ קורצע צײַט, אײַנגאַנצן זיבן טעג,
זיבן טעג אײַנגאַנצן, און פֿיל גרויסע מענער
באַגערן זי, די טרויערפֿולע פֿרוי,
פֿאַר אַ ווײַב צו נעמען.

און דער גרעסטער צווישן זיי איז אימאָסקיס קאַדי.
ווײנט די פֿרוי און בעט זיך בײַ איר ברודער:
„ברודער, ברודער, איך באַשווער דיך בײַ דײַן לעבן,
גיב מיך ניט אַוועק צון אַ צווייטן פֿאַר אַ ווײַב,
זאָל מײַן אָרים האַרץ נישט צעריסן ווערן,
ווען איך וועל אַמאָל מײַנע קינדער זען!“

נאָר דער ברודער הערט ניט שוועסטערס קלאָג און רייד
און באַשליסט פֿאַרקנסן זי צו אימאָסקיס קאַדי.
בעט זיך איצט די שוועסטער אין איר וויסטן קומער:
„אויב שוין מיך פֿאַרקנסן צו אימאָסקיס קאַדי,
שיקזשע כאָטש אַ שרײַבן אים מיט אָט־די ווערטער:
די יונגע וויטיב גריסט אימאָסקיס קאַדי פֿרײַנטלעך
און לאָזט דורך אָט־דעם שרײַבן אים אונטערטעניק בעטן,
אַז ווען די סוואַכעס וועלן אים צו מיר באַגלייטן,
זאָל ער מיר אַ לאַנג־געדיכטן שלײַער ברענגען,
אַז ווען איך וועל פֿאַרבײַגיין ס'הויז פֿון אַזאַן אַגאַ,
זאָל איך מיר פֿאַרהילן ס'פּנים, נישט צו זען די קינדער.“

דערזען דאָס שרײַבן, האָט אימאָסקיס קאַדי
פֿאַרזאַמלט אַלע זײַנע סוואַכעס,
אין בוזים צוגעגרייט אַ לאַנג־געדיכטן שלייער
און אין וועג געלאָזט זיך צו זײַן אויסדערוויילטער כלה.

בשלום אָנגעקומען אין איר רײַכן הויז,
בשלום זי גענומען, און זיך געלאָזט אין וועג צוריק.
אָבער ווען זיי האָבן זיך צו אַזאַנס היים דערנעענטערט,
האָבן דאָרט די קינדער דאָך דערקענט די מוטער
און גערופֿן: „מוטער, קום צוריק אין דײַן געצעלט!
עס דאָס אָוונטברויט מיט דײַנע קינדער!“

דערהערט די קינדער וויינען, ווענדט זיך וויטיב טרויעריק
צו איר האַר אימאָסקיס קאַדי מיט די ווערטער:
„לאָזט, איך בעט, די סוואַכעס און די פּערד דאָ וואַרטן
אויף אַ ווײַלע נאָר בײַם טויער פֿון מײַנע ליבסטע,
זאָל איך מײַנע קינדער כאָטש מתנות שענקען".

שטעלן זיי זיך אָפּ בײַם טויער פֿון אירע ליבסטע,
און זי פֿאַרטיילט געשאַנקען צו אירע ליבע קינדער:
גיט די יינגלעך גאָלד־באַזעצטע מעסערס,
גיט די מיידלעך לאַנגע רײַכע קליידער,
און דעם קלענסטן, און דעם ליבסטן, דעם וואָס נאָך אין וויגל,
אַ מענטעלע, צו טראָגן, ווען ער וועט אונטערוואַקסן.

זעט דאָס פֿון דער זײַט דער פֿאָטער אַזאַן אַגאַ,
רופֿט ער אָפּ זיך טרויעריק צו די ליבע קינדער:
„קערט זיך אָפּ פֿון איר, טײַערע איר מײַנע!
אײַער מוטערס ברוסט איז געוואָרן אײַזן,
פֿעסט פֿאַרשלאָסן, קאָן זי קײַן רחמנות פֿילן".

ווי די אָרימע מוטער האָט דערהערט די ווערטער,
בלייך איז זי געפֿאַלן אויף דער ערד דער קאַלטער,
און ווען זי האָט געזען די קינדער זיך צעלויפֿן,
אויסגעהויכט האָט זי איר צעווייטיקטע נשמה.